פערלאג
„די פראָלעטאַרישע וועלט“



ז. ש. געד.

# קאָלעקטיוויזים

פריי איבערזעצט

דורך ש. נ. יאקאבי.

פרייז 5 קאָפּ.

דרוק „הצפירה“, ווארשא, מאַריאַנסקא 2.

תרס"ז.

זש. געד.

# קאָלעקטיוויזם

פרײַ איבערזעצט

דורך ש. נ. יאַקאָבי.



פערלאַג „די פראָלעטאַרישע וועלט".

וואַרשא

דרוק „הצפירה", מאַריאַנסקאַ 2.

תרס"ז

Тип. „Гацефира", Марянская 2.

ВАРШАВА

1906.

קאָלעקטיוויזם אונטערשיידעט זיך אייגענטליך נישט פון דעם וויסענשאַפטליכען קאָמוניזם, אין דער געשטאַלט, אין וועלכער ער איז אַרויסגעגאַנגען פון קאַרל מאַרקס'ס קריטיק. נאָר אין פראַנקרייך איז מייסטענס אָנגענומען דער דאָזיגער נאָמען, ווייל, צוליעב פּראָפּאַגאַנדישע צוועקען, איז וויכטיג געווען צו מאַכען אַ סימן, דורך וועלכען עס זאָל זיך אַרויסווייזען דער חילוק צווישען פערשידענע קאָמוניסטישע סיסטעמען.

דער קאָלעקטיוויזם, וואָס איז אָנגענומען ביי דער אַרבייטער-פּאַרטיי, צו וועלכער איך האָב די עהרע צו געהערען, גרינדעט זיך נישט אויף די געפיהלען פון גערעכטיגקייט, פרייהייט, גלייכהייט אָדער ברידערשאַפט. די דאָזיגע געפיהלען זענען געווען אין אַלע צייטען און דאָך האָבען זיי נישט דערגרייכט זייער ציעל, ווייל: נישט פערלאַנגען פיהרען די וועלט, נאָר די וועלט מיט איהרע קאָנסעקווענטע און אונפערמיידליכע פערענדערונגען באַשאַפט אונזערע געפיהלען, אונזערע פערלאַנגען; דאָס, וואָס מען רופט נאָך אָן אונזער אידעאַל.

דער קאָלעקטיוויזם שטיצט זיך אויסשליעסליך אויף דער עקאָנאָמישער עוואָלוציע פון די געזעלשאַפטען, זייענדיג נאָר איהרער אַ ווייטערדיגער שטאַפּעל, איהרער אַ המשך, וואָס מוז אונבעדינגט קומען.

מיט איין וואָרט, מיר זאָגען, אַז די בעדינגונגען פון דער יעצטיגער פּראָדוקציאָן, סיי אינדוסטריעלע, סיי אַקערבויערישע, בילדען און רופען אַרויס אַלץ מעהר און מעהר אַ נייע, קאָלעקטיוויסטישע אָדער קאָמוניסטישע פאָרם פאַר דעם בענוצען-זיך מיט דער ערד און איהרע נאַטירליכע און געזעלשאַפטליכע רייכטימער.

נאָכפאָרשענדיג אין דער פערגאַנגענהייט דאָס פערהעלטניס צווישען מענשען און די זאַכען, וואָס האָבען פערנומען דאָס אָרט

פֿון אייגענטהום , זעהען מיר , אַז דאָס דאָזיגע פֿערהעלטניס , האַלט אין איין שטענדיגען בייטען זיך . מיר זענען וויַיט פֿון יענעם אָרון-קודש'ל , וועלכען מען האָט אונז געוואָלט אריינשטופּען אַלס אַנ'אָנהויב און אַנ'ענדע , נישט נאָר פֿון דער גאַנצער ציוויליזאַציאָן , נאָר אויך פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט . פֿון דער צוויַיטער זייַט אָבער זעהען מיר , אַז די פֿאָרמען פֿון אייגענטהום בייַטען זיך נישט סתּם אין דער וועלט אריין , צופֿעליג , מיר זעהען , אַז די ענדערונגען ווערען אַרויסגערופֿען דורך די אַרבייטס-פֿאָרמען , ד. ה. דורך די מיטלען צופֿריעדען צו שטעלען די הצטרכות פֿון מענשען , וואָס הערשען אין דער אָדער יענער צייַט .

אין דער לאַנגער עפּאָכע , וואָס האָט זיך געצויגען דורות-לאַנג , ווען די מענשהייַט איז נאָך געשטאַנען אויף אַ שטופֿע , וואָס טאַקי מותר האדם מן הבהמה אין (אַ מענש שטעהט נישט העכער ווי אַ בהמה) , איז יענער צוקינפֿטיגער מענש געווען בעגרענצט אין די מיטלען ווי זיך צו ערנעהרען . ער פֿלעגט זיך שפּייַזען נאָר דערמיט , וואָס ער האָט געפֿונען אין דער נאַטירליכער אומגעבונג ; דאַמאָלס האָט אייגענטהום געקענט זיין נאָר אויף שפּייַז-אַרטיקלען : פֿרוכטען , געוויירצען א. ד. ג. ; די ערד אָבער האָט געהערט צו אַלעמען , און עס זענען נישט געוועזען קיין סבּות , וואָס זאָלען אַרויסרופֿען די אָדער יענע פֿאָרם פֿון ערד-בעזיץ .

די ערד , פֿערקעהרט . ווערט קאָלעקטיווע אייגענטהום פֿון אַ שבט , ווען די יאַגד , וועלכע הויבּט אָן צו ווערען דאָס הויפּט לעבענס-מיטעל , פֿאָדערט בעטהייליגונג פֿון אַ סך מענשען , פֿער-אייניגטע אָדער קאָלעקטיווע אַרבייט ; דאַמאָלס ווערט אויך דער גאָר פּרימיטיווער (פֿערצייַטיגער . פּשוטע'ר) וואַפֿען , מיט וועלכען יעדערער בענוצט זיך בעזונדער . פּריוואַט-אייגענטהום , פֿון וועלכען מען האָט פֿריהער נישט געוואוסט . די פֿערטהיידיגונג פֿון די דאָזיגע יעגערישע טעריטאָריעס , וואָס געהערען צו דער גאַנצער געזעלשאַפֿט , רופֿט אַרויס צווישען די שבטים יענע מחלוקת און מלחמות , וואָס די ווייַסע בעהערשער האָבען אין אַכטצעהנטען יאָהרהונדערט געטראָפֿען בייַ די רויט-הויטיגע , און מיט וועלכע די ווייַסע האָבען זיך בענוצט צו מאַכען אַ תּל פֿון די דאָזיגע שבטים . אַ סך שפּעטער , ווען עס האָט שוין עקזיסטירט ערד-בעאַרבייטונג און אינדוסטריע מיט דער הילף פֿון נישט-גרויסע ווערקצייג אָדער אינסטרומענטען ,— רופֿט אַרויס די אַקערבויערישע

אָדער אינדוסטריעלע אַרבײַט, וואָס איז אַ אינדיווידועלע (יְחִידִישע) זאַך, די בעשאַפונג פון אונבעוועגליכען (ערד־) און בעוועגליכען (פּריוואַט־) אײַגענטהום; צו געהאָלפען איהם בעשאַפען צו ווערען האָבען די ערד־און וואָהנונג־צוטהײַלונגען צווישען די פאַמיליען; און אָנהויב אַלע יאָהר, נאָכהער אײַן מאָהל אין דרײַ יאָהר, אין פינף יאָהר, אין צוואַנציג יאָהר א. ז. וו.

אַלזאָ, דאָס פּריוואַטע אָדער אינדיווידועלע אײַגענטהום אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען איז געוועזען נישט נאָר געזעצליך, נאָר אויך נויטיג, ווײַל דאָס אײַגענטהום, וואָס איז געגרינדעט אויף די פערזענליכע אַרבײַט פון דעם בעהערשער, האָט איהם צוגעגעבען חשק אויסצואַרבײַטען וואָס מעהר, ווײַל דאָס וואָס ער האָט אויס־געאַרבײַט האָט געהערט צו איהם. אַזאַ אָרדנונג איז דאַמאָלס געוועזען די בעסטע פאַר דער מענשהײַט, ד. ה. זי איז געוועזען אַזאַ, וואָס האָט געגעבען די גרעסטע צאָהל פּראָדוקטען אָדער מיטלען צום לעבען.

גאַנץ אַנדערש קומט פאָר יעצט. צוליעב די אַרבײַטס־צוטהײַלונג, וואָס איז אײַנגעפיהרט געוואָרען בײַ דער פאַבריקס־פּראָדוקציאָן, צוליעב דאָס בענוצען־זיך מיט מאַשינען און דאַמפּף, האָט די אַרבײַט אויפגעהערט צו זײַן אַ פּערזענליכע: זי איז געוואָרען אַ געזעלשאַפטליכע.

זעהר פיעל גרופען אַרבײַטער (חעמיקער, טאָג־אַרבײַטער, מעכאַניקער א. ז. וו.) אַרבײַטען בײַ אַקערבוי פון יענער צײַט אָן, וואָס מען האָט אײַנגעפיהרט אַ דאַמפּף־אַקער, שניט־מאַשין, דרעש־מאַשין א. ז. וו., אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער איז גענוג געוועזען די אײַנציגע אַרבײַט פון דעם אײַגענטהימער: ער האָט געגראַבּט אַליין אַקערן, אַליין זײען, אַליין שנײַדען, דרעשען א. ז. וו.

זעהר פיעל גרופען אַרבײַטער (מעכאַניקער, האַנדווערקער, דירעקטאָרען, וועבער א. ד. ג.) אַרבײַטען יעצט אויס אין די וועבערײַ־פאַבריקען וואָלענע און באַוועלנע סחורות, אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער פלעגט עס אויסאַרבײַטען אַ וועבער אײנער אַליין בײַ זיך אין שטוב אויף אַ האַנד־שפינדעל.

אַט אַזוינע גרופען און אַזאַ אײַנפיהרונג פון מאַשינען טרעפען מיר אויך אין די פּראָדוקציאָנען פון צוקער, האָלצוואַרג, אײַזען א. ז. וו..

אין דער צײַט אָבער, וואָס די אַרבײַט איז געוואָרען אַ

געזעלשאַפטליכע, איז די בעהערשונג איבער די קאָלאָסאַלע ווערק-צייַג געבליבען אַ פּריוואַטע.

אָט דערפון, פון דער סתירה, פון דעםווידערשפּרוך, פון דעם אַנטאַגאָניזם (התנגדות) צווישען דער פאָרם פון אַרבייט און פאָרם פון אייגענטהום, קומט אַרויס די גאַנצע צרה, די גאַנצע אונאָרדנונג, פון וועלכער עס ליידט די יעצטיגע געזעלשאַפט. פערשוואונדען וועט עס ווערען נאָר דאַן, ווען עס וועט ווערען אַ קאָמוניסטישע אָרדנונג, ד. ה., ווען אייגענטהום וועט ווערען אַ געזעלשאַפטליכע, אַזוי ווי עס איז געוואָרען די פּראָדוקציאָן.

די געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציאָן, אַלס אַ רעזולטאַט פון איינפיהרען אַרבייטס-צוטהיילונג און דאָס בענוצען-זיך מיט מאַשינן און דאַמפּף, האָט אויף אַזוי פיעל פערגרעסערט די פּראָדוקציאָנס-קראַפט, וואָס די דרייסטעסטע פאַנטאַזיע האָט עס נישט געקענט פאָרשטעלען. אָט, צום ביישפּיעל, זשאַקאַרד'ס *) וועב-שטוהל האָט פערגרעסערט די פּראָדוקציאָנס-קראַפט פון וועבערייַ-אַרבייט אויף 325 פּראָצענט; די טשוגון-גיסערייַ-מאַשינען פון אונאַט און די שפּינערייַ-מאַשין פון ריטשאַרד אַרקרייט האָבען פערגרעסערט די פּראָדוקציאָנס-קראַפט פון מענשען ביי די אויסאַרבייטונגען פון אייזען און באַוועל פון 25 ביז 320 מאָל מעהר, ווי פריהער. צו די דאָזיגע ערפינדונגען איז צוגעקומען נאָך אַ פערפאָלקאָמונג: ביי דער אַרבייט פון אָבטיילען די באַוועל פון די זוימען טהוט אָב איין מענש מיט דער הילף פון די נייע מאַשינען אַרבייט פון טויזענד מענשען. אַ מאָטאָווילאָ (אַזאַ מאַשין ביי וועבערייַ), וואָס האָט אין יאָהר 1874 געמאַכט 4 טויזענד אומלויפען, מאַכט יעצט 10 טויזענד. איינער אַ אַמעריקאַנער עקאָנאָמיסט האָט אויסגערעכענט, אַז ביי דער יעצטיגער ענטוויקלונג פון מאַשין-אַרבייט זענען גענוג 7 מענשען אויף צו לאָזען אויפוואַקסען און אָבדרעשען תבואה, צו מאָהלען די מעהל, פערקנעטען טייג, אויסבאַקען ברויט און געבען אָבצועסען, אויף אַזאַ אופן, טויזענד מאַן.

---

*) אין יאָהר 1801 האָט איינער אַ פראַנצויזישער וועבער, זשאַקאַרד, ערפונדען אַ וועב-שטוהל, וועלכער האָט געמאַכט אַ גאַנצע איבערקעהרעניש אין דער וועבער-וועלט. אין יאָהר 1812 זענען שוין אין פראַנקרייך געווען 18,000 אַזוינע וועבער-שטוהלען.

דער איבערז.

נאָר אַזוי ווי די דאָזיגע קאָלאָסאָלע פּראָדוקציאָנס-מיטלען , אָנשטאָט צו ווערען דאָס אייגענטהום פֿון דער געזעלשאַפֿט , זענען געוואָרען דאָס פּערזענליכע אייגענטהום פֿון עטליכע קאַפּיטאַליסטען, דעריבער האָבען זיך די אויסאַרבייטער , די פּראָדוצירער , געפֿונען אין דער לאַגע פֿון פּראָלעטאַריער : זיי קענען זיך נישט בענוצען מיט דעם עוֹדף (איבריגע, איבערפֿלוס) פֿון דער פּראָדוקציאָן ; זיי קענען פֿערברויכען פֿון די פּראָדוקטען , וואָס זיי האָבען אַליין אויס-געאַרבייט , נישט מעהר, ווי פֿיעל זיי דאַרפֿען האָבען , כּדי צו דער-האַלטען די נְשָׁמָה. פּונקט אין דער צייט , וואָס די מענשהייט איז אַזוי רייך געוואָרען אין קאָמפֿאָרט , אין אַלע גוטע און בעקוועמליכע זאַכען, דאַרף דער אַרבייטער , דער שאַפֿער פֿון דעם אַלעם , זיין אונטערוואָרפֿען אָרימקייט און פֿערשקלאַפֿונג .

זיי פֿעהלט דאָס איינציגע מיטעל צום לעבען — די אַרבייט. דעם מענשענס אַרבייטס-קראַפֿט ווערט אַלע מאָל מעהר און מעהר אַרויסגעשטופּט דורך די נישט-מענשליכע אַרבייטס-קראַפֿט פֿון דער מאַשין. נאָר איין טהייל האָט געקענט ווייטער אַרבייטען , ד. ה. לעבען : די איבריגע זענען געבליבען אָהן אַרבייט , אַ צָרָה , פֿון וועלכער מען האָט פֿאַרצייטען גאָר נישט געוואוסט , און זיי ליידען הונגער .

כּדי נישט צו שטאַרבען פֿון הונגער , שטופּען זיי זיך ביי די טיהרען פֿון די פֿאַבריקען פֿאָרצולעגען זייער אַרבייט ביליגער . אָט די דאָזיגע רעזערוו-אַרמעע האָט געגעבען די מעגליכקייט די אַרבייט-געבער, וועלכע זוכען נאָר ווי אַזוי צו פֿערקלענערען די הוצאות פֿון דער פּראָדוקציאָן, פֿיעל נידריגער אַראָבצוזעצען דעם אַרבייטס-לויהן פֿון די, וואָס אַרבייטען .

נאָר נישט אין דער פֿערעסענער קאָנקורענץ צווישען די לע-לעדיגע און בעשעפֿטיגטע אַליין ליעגט די סבּה , וואָס דער אַרבייטס-לויהן ווערט אַלץ נידריגער , וואָס מעהר עס ווערען איינגעפֿיהרט מאַשינען. די סבּה ליעגט אויך אין דעם , וואָס ביי די מאַשינען איז נישט נויטיג קיין טעכנישע רְגִילוּת פֿון דער אַרבייט און עס איז נישט נויטיג קיין בַּעַל-מְלָאכָה , אַ פֿאַכמאַן , נאָר אַ פּראָסטער אַרבייטער . אַמאָליגע צייטען האָט דער בעל-מלאכה , אַ ספּעצי-אַליסט אין זיין פֿאַך , נישט געקענט אַזוי לייכט פֿערבעטען ווערען אויף אַנ׳אַנדערען ; ער איז זאָגאַר, אין אַ געוויסער מאָס, געווען פֿעראינ-טערעסירט אין דעם גוטען צושטאַנד פֿון דעם בעל הבית. יעצט

אָבּער, בּיי דער צייט פֿון מאַשינען, וואָס פֿיהרען אַליין אויס די טעכנישע אַרבּייט, איז אַליין איינס ווער עס פֿיהרט אָן די מאַשין, ראובן, שמעון אָדער לוי.

די איינפֿיהרונג פֿון מאַשינען, וואָס טהוען אָב די מוסקול־אַרבּייט און וואָס האָבען געמאַכט, אַז דעם מענשענס אַרבּייט זאָל נאָר בּעשטעהן אין דערבּיי־זיין אָדער הַשְׁגָחָה געבּען, האָט אויך געבּראַכט צו דעם שרעקליכסטען און גרויזאַמסטען פֿערברעכען צו צוציהען צו דער פֿאַבּריק פֿרויען און קינדער. זייענדיג אָבּגעריסען פֿון דער פֿאַמיליע, געדריקט פֿון הונגער, זענען די פֿרויען און קינדער געניט געוויען צו געהן אין פֿאַבּריק אַריין, וואו זיי האָבּען, אַדאַנק דער בּיליגקייט פֿון זייער אַרבּייטס־קראַפֿט און די קלענערע פֿעהיגקייט צו זעלבּסט־שוץ, פֿערנומען דאָס אָרט פֿון די דערוואַקסענע מאַנסלייט. מען קען פֿערשטעהן, ווי ווייט דער דאָזיגער פֿערברעכען איז דערגאַנגען, אַז זאָגאַר דאָס בּורזשואַזע געזעץ האָט זיך שוין אַריינגעמישט צו בּעגרענצען דאָס דאָזיגע אונרעכט, וואָס טהוט שאָדען דער מענשהייט נישט נאָר יעצט, נאָר אויך אין דער צוקונפֿט.

ענדליך, די אָרדנונגען, וואָס הערשען אין די גרויסע פֿאַבּריקען, ניטען די הונדערטער און טויזענדער אַרבּייטער פֿון בּיידע געשלעכטען, גרויסע און קליינע, וואָס זענען אין די דאָזיגע פֿאַבּריקען איינגעשפּאַרט, צו זיין אונטערוואָרפֿען זעהר אַ שטרענגע דיסציפּלין און אַ גאַנצען סיסטעם פֿון חשבּונות, אָבּרעכנונגען און אָבּצאָגען פֿון דער שטעלע. דאָס מאַכט יעדען בּעל־הבּית, יעדע קאָמפּאַניע פֿאַר אַ אונבּעגרענצטען מאָנאַרך, וואָס זיין פּערזענליכער ווילען איז גלייך צו אַ געזעץ.

איבּריגענס, איך וועל דאָ נישט פֿיעל רעדען וועגען די שרעקליכע פֿאָלגען פֿון פּריוואַט־אייגענטום בּיי דעם סיסטעם פֿון געזעלשאַפֿטליכער פּראָדוקציאָן, ערשטענס, ווייל עס איז גענוג נישט צו פֿערמאַכען די אויגען, כּדי צו זעהן דאָס אַלץ, און צווייטענס, ווייל איך האָבּ בּעשלאָסען נישט צו בּרענגען אַלס ראָיה, אַז די סאָציאַלע פֿראַגע מוז געלעזט ווערען אין קאָלעקטיוויסטישען זין, די אַלע טַעֲמִים, וואָס האָבּען אַ שייכות צו דער געפֿיהלען־וועלט.

איך קעהר זיך אום צו די עקאָנאָמישע סבּות פֿון קאָלעקטיוויזם, וועלכע איך צוטהייל אויף צו זעלבּע, וואָס „מאַכען מעגליך”

און אַזעלכע, וואָס „רופען אונבעדינגט אַרויס" די אויספיהרונג פון דער קאָלעקטיוויסטישער אָרדנונג.

* *

*

מאַכען מעגליך די אויספיהרונג פון קאָלעקטיוויזם מאַכט דאָס, וואָס דאָס אייגענטהום פון דער יעצטיגער אָרדנונג געהערט זיך גאָר נישט אָן מיט דעם, ווער עס האָט עס געשאַפען. דאָס פּריוואַט-אייגענטהום פון אַמאָליגע צייטען איז געווען ענג פערבונדען מיט'ן בעל-הבית, און זיין ווערטה פלעגט עס בעקומען דורך די פערזענליכע מיה פון בעזיצער; גאַנץ אַנדערש איז מיט דעם קאַפּיטאַליסטישען פּריוואַט-אייגענטהום: נישט נאָר וואָס עס איז נישט ענג פערבונדען מיט'ן אייגענטהימער, נאָר עס איז אין גאַנצען אָבגעטהיילט פון איהם און זיין ווערטה בעקומט עס אַ דאַנק די נישט-אייגענטהימער, וואָס אויסשליסליך דורך זייער מיה איז עס געשאַפען געוואָרען.

נישט די אייגענטהימער פון די קויהלען-גרובען, אייזענבאַהנען, גיעסעריַיען א. ז. וו. ברענגען אין בעוועגונג און מאַכען אַ פערבינדונג צווישען די ראָזיגע ריעזיגע ווערקצייג פון פּראָדוקציאָן, קאָמוניקאַציאָן (פערקעהר) א. ז. וו., נאָר די פּראָלעטאַריער, — אָנהויבענדיג פון פּראָסטען אַרבייטער, וואָס בעקומט 2 פראַנק אַ טאָג און דעם דיענער וואָס בעקומט 100 פראַנק אַ מאָנאַט און ענדיגענדיג מיט דעם אינזשינער אָדער דירעקטאָר מיט אַ 30-אָדער אַ 50-טויזענד-רובעלדיגען געהאַלט.

אָט די ראָזיגע אָביעזענהייט פון דעם אייגענטהום ביי דער אויסאַרבייטונג פון'ם אייגענטהום איז געוואָרען אָדער שטרעבט צו ווערען אַ כּלל ביי אַלע פּראָדוקציאָנען און אין אַלע לענדער.

צינדט אָן אַלע דיאָגענ'ס לאַנטערנעס, — וואָס רעד איך?— די שטאַרקסטע עדיסאָנ'ס לאָמפען און זוכט אין אַלע ווינקעלעך פון אַלערלייַ פּראָדוקציאָנען. אין ערגעץ ווערט איהר נישט געפינען קיין אייגענטהימער.

וואו וואָהנט ער פון יענער צייט אָן, ווי ער איז געוואָרען אַ אַקציאָנער: אין דעם אָדער יענעם לאַנד. אויף דער צווייטער העלפט ערד-קוגעל אָדער אויף דער לבנה? אַלץ איינס! די פּראָדוקציאָן ווערט געשאַפען אין גאַנצען אָהן איהם; זיין אייגענטהום אַרבייט מען אויס אָהן זיין בעטהייליגונג.

זאָגענדיג די ווערטער „זיין" אייגענטהום, האָב איך אייגענט־ליך זיך נישט ריכטיג אויסגעדריקט; ווייל אויב מען וואָלט אפילו איהם אליין געפרעגט, וואָלט ער נישט געקענט אָנווייזען אין וואָס דאָס אייגענטהום בעשטעהט. איז ער, למשל, א אַקציאָנער פון א אייזענבאהן, צי קען ער אָנווייזען, אז זיינע אַקציעס זענען פון דעם און דעם וואָקזאל, יענעם און יענעם וואַגאָן? ער ווייס עס נישט און קען עס נישט וויסען—אויף אזוי ווייט איז יעצט געוואָרען דאָס אייגענ-טהום א אַלגעמיינע, אונגעטהיילטע און נישט קיין פערזענליכע.

אָט ווען עס זאָל, למשל, מאָרגען טרעפען א קאטאסטראָ־פע, פון וועלכער עס זאָל נישט בלייבען קיין איינציגער אַקציאָנער פון אייזענבאהנען, שטיין־קויהלען־גרובען און אייזען־פאַבריקען א. ד. ג., צי וועט דען דאַן פון דער ערד אַרויסגעהן זאָגאר אויף איין פוד קויהלען ווינציגער, אָדער צי וועט דאַן מיט איין צוג וועניגער אָבגעהן אויף דער אייזענבאהן?

דער קלאַס פון אייגענטהימער, וועלכער שאַפט אַליין גאָר נישט און זיין אַנטהייל אין געשעפט און פראָדוקציאָן בעשטעהט נאָר אין נעהמען דעם גרעסטען טהייל פערדינסט, איז געוואָרען אוננוציג — און דעריבער אויך שעדליך. לאַנג עקזיסטירען וועט דער דאָזיגער קלאַס נישט קענען: די היסטאָריע בעווייזט, אז די קלאַסען, וואָס זענען געווען פאַראַזיטיש און האָבען אויפגעהערט אויסצופיהרען די געזעלשאַפטליכע פונקציאָן, צוליעב וועלכער זיי זענען אַרויסגערופען געוואָרען, — מוזען אונבעדינגט אונטער־געהן.

אָט נעהמט אַלס ביישפיעל דעם אַדעל־שטאַנד. כל־זמן ער האָט מיט שווערד און שפיז אין האַנד געדיענט אַלס בעשיצער פון פעלד־אַרבייט און דער אינדוסטריע, וואָס אין די שטעדט; כל־זמן ער האָט בעשיצט דעם מענשליכען „ביהנשטאָק" — ווי שווער די דאָזיגע בעשיצונג איז נישט געווען — האָט ער געקענט ביישטעהן געגען יעדען אָנפאַל אויף זיינע העכערע זכיות, וואָס ער האָט געהאַט אין לאַנד. פון יענעם טאָג אָן אָבער, וואָס די אינערליכע פאָליציי־שוץ און די אויסערליכע פערטהיידיגונג זענען איבערגע־געבען געוואָרען צו מיליציעס, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָ־רען פון מענשען נישט פון זיין קלאַס, פון דאַמאָלס אָן האָט זיך אָנגעהויבען זיין מפלה. און ווען דער אַדעל־שטאַנד איז געוואָרען נאָר א הויף־יחוס, וואָס האָט נאָר געוואוסט צו לעבען א גוטען טאָג

אויף דעם חשבון פונ'ם פאָלק, איז ער שוין אין געזעלשאַפטליכען זין אָבגעשטאָרבען. דער דריטער שטאַנד מיט זיין רעוואָלוציע אין יאָהר 1789 האָט נאָר אַ מעטריקע אַרויסגעגעבען וועגען דעם דאָזיגען טוידט.

דאָס זעלבע וועט זיין מיט דער בורזשואַזיע, וואָס האָט פריהער געאַרבייט אי קערפערליך אי גייסטליך און יעצט עקזיס־טירט זי נאָר דערפון, וואָס זי איינעגנט זיך צו פרעמדע מיה. זי איז פער'משפט, אָדער, ריכטיגער געזאָגט, זי האָט זיך אַליין פער־משפט צום טוידט.

די צווייטע מעגליכקייט און, אין דער זעלבער צייט, אויך די אונפערמיידליכקייט פון דער קאָלעקטיוויסטישער איבעראַנדער־שונג פון דער געזעלשאַפט, בעשטעהט אין דעם, וואָס עס געהט אונטער דער מיטלער קלאַס, וואָס זיין ראָלע איז געוועזען נישט צו צולאָזען — ווי יענע טאַצען ביי די וואַגאָנען — צו קיין צוזאַמענ־שטויסונג צווישען דעם אַרבייטענדען פראָלעטאַריאַט און דעם אונ־בעשעפטיגטען קאַפּיטאַליזם. ווייל מען האָט געקענט שטרעבען און דערגרייכען צווישענדיגע געזעלשאַפטליכע צושטאַנדען. נאָר באַלד נאָך די קליינע פאַבריקאַנטען געהען אונטער קליין־הענדלער און קליינע ערד־בעזיצער, און מיט זיי אויך די האָפנונג אפילו דאָס צו ווערען.

פאַר די, וואָס טראָגען זיך נאָך אַרום מיט פאַנטאַזיעס וועגען דעם ענין, וועל איך ברענגען די פאָלגענדע ווערטער, וואָס עס האָט געשריבען נישט קיין סאָציאַליסט נאָר אַ עקאָנאָמיסט, דער פראָפעסאָר פאָל לערוא־באָליע:

„אינדוסטריע. — די זעהר גרויסע פראָדוקציאָן מאַכט אַלע מאָל שווערער און שווערער, כמעט אונמעגליך, אַז די קליינע פראָדוצירער זאָלען קענען מיט איהר קאָנקורירען".

„די מאַשין־פראָדוקציאָן פאָדערט זעהר גערוימיגע לאָקאַלען, אַ זעהר גרויסע צאָהל קונציגע און טהייערע ווערקצייג, וועלכע מען דאַרף אָפט פערריכטען און אויפפרישען און אַ זעהר גרויסען פאָרראַט פון פראָדוקטען".

„דער פּלאַץ, וועלכען עס פערנעהמט די גרויס־אינדוסטריע, פערברייטעט זיך אַלץ מעהר און מעהר, און עס איז שווער צו בעשטימען זיינע גרענעצען".

„אַלסדינג אָהן אויסנאַהם פּראָדוצירט זיך וואָס ווײַטער אַלץ אין אַ גרעסערען מאַסשטאַב".

„די פערפּערטיגונג פון גרייטע מלבושים, וואָס מאַכט פון שטיקער שטאָף אַ פאָלשטענדיג גרייטען מלבוש, שאַפט אָב די שניידער, וואָס אַרבײַטען זעלבסטשטענדיג; אָדער, אויב זיי בלײַבען, איז דאָס נאָר אויף אַ קורצער צײַט, און דאָס אויך נאָר פאַר'ן רײַכערען קלאַס".

„די זעהר גרויסע שיך־פאַבריקען האָבען כמעט אין גאַנצען אַרויסגעשטופּט די שוסטערס, וואָס אַרבײַטען פאַר זיך בעזונדער".

„דער גיטער צושטאַנד פון די קאָמוניקאַציאָנס־מיטלען מאַכט מעגליך, אַז די קרעמערס אין די קלענערע שטעדטלעך קענען ברענגען צופיהרען פון די גרויסע האַנדעלס־שטעדט אַזעלכע געברויכס־זאַכען, וואָס אַמאָליגע צײַטען פלעגען זיי אויסגעאַרבײַט ווערען דורך אָרטיגע בעלי־מלאָכות".

„מען אַרבײַט אויס אין זעהר אַ גרויסער צאָהל און אויפ'ן גרונד פון אַרבײַטס־צוטהיילונג זאָגאַר זייגערס".

„אַ סך פאַבען האָבען שוין כמעט אין גאַנצען זיך אָבגעזוגענט מיט'ן פראַייינין".

„דאָס קומט פאַר ניט מיט שניידערס, שוסטערס, היטעל־מאַכערס אַליין, נאָר וואָס ווײַטער ווערט אויך ווענינגער די צאָהל טישלערס, שמידען און אַ סך אַנדערע האַנדווער־קער אין קלענערע שטעדט; מען בענוצט זיך מיט זיי נאָר צום פערריכטען, צו פערלאַטען, און מען קען שטאַרק גלויבען, אַז מיט דער צײַט וועט מען דאָס אויך אָבשיקען צו מאַכען אין די גרויסע שטעדט אַרײַן".

„זאָגאַר האָטעלען און רעסטאָראַנען שטרעבען יעצט צו קאָנצענטרירונג (זיך אויפקומען אַ סך אין איין אָרט), וועלכע זאָל געבען די מעגליכקײַט אײַנצואָרדנען פאַר די רײַזענדער זעהר גרויסע, בעקוועמע און פרעהליכע האָטעלען און אין דער זעלבער צײַט בעגרענצען אין די הויפּט־שטעדט און די קור־ערטער די געוועזענע גרויסע צאָהל קליינע האָטעלען".

„האַנדעל. — די אַלע מיטלען זיך בעקאַנט צו מאַכען, דורך רעקלאַמען, אַפּישען, צושיקען פער פּאָסט אַנאָנסען אָדער מוסטערען, שטעהען צור דיענסט דעם גרויס־האַנדעל; דאָס

זעלבּע איז אויך מיט די קאָמוניקאַציאָנס־מיטלען, ווייל בּיי גרויסע אַבזענדונגען קאָסט, לְפִי עֶרֶך, פּיעל בּיליגער ווי בּיי קליינע; און אויסער דעם קענען די גרויסע געשעפטען, וואָס אין מיטען לאַנד, שיקען זייער סחורה אין גאַנצען לאַנד און אויך אויסער'ן לאַנד".

„די דאָזיגע גרויסע האַנדעלס־הייזער נויטיגען זיך נישט אין קיין הורטאָווע סוחרים, נישט אין קיין מעקלערס, נישט זאָגאַר אין קאָמי־וואָיאַזשאָרען".

„זיי ווארפען זיך אין די אויגען אַריין מיט זייער גרויסאַרטי־גען שוי־פּענסטער, וואו עס איז אויסגעשטעלט פּערשידענע סחורות מיט זייערע שרייענדיגע אַנאָנסען אָדער מוסטערען פון סחורות".

„דער פראָגרעס אין די פּאָסט־און טעלעגראַף־אַנשטאַלטען, די פּערקלערונג פון די פרייזען פאַר איבּערזענדונג בּרענגט זעהר פּיעל נוצען די גרויסע האַנדעלס־הייזער און דאָס פּערגרינגערט זיי אַרויסצושטופּען די קלענערע".

„אָט די דאָזיגע קאָנצענטרירונג פון איינצעל־פּערקויף גיעט אַ טוידט־קלאַפּ די הורטאָווע און האַלבּ־הורטאָווע סוחרים, מעק־לערס און פּערמיטלערס. און אין אֶמת'ן, נאָך וואָס דאַרף מען זיי היינט, אין דער צייט וואָס עס עקזיסטירען פּאָסט און גרויסע קאַ־פּיטאַלען?"

„די זעהר גרויסע צאָהל פּערמיטלער שטעהט אין סַכָּנה און זי וועט מוזען אונטערגעהן".

„אָט די דאָזיגע קאָנצענטרירונג מאַכט אויך אַ תּל פון די פראָווינציעלע סוחרים; זיי פּערלט דער גרעסטער טייל פון זייע־רע קונדען... ווער קומט עס נישט היינטיגע צייטען אָפּט אין דער גרויסער שטאָדט, און ווער ווייס עס נישט פון די אונגעהוי־ער גרויסע מאַגאַזינען, וואו מען בּעקומט פון דאָס שענסטע און דאָס בּעסטע? ווער בּעקומט עס נישט פון די דאָזיגע ריעזיגע גע־שעפטען אַנאָנסען אָדער מוסטערען? ווער וועט עס נישט קויפען בּעסער בּיי זיי, ווי בּיים קליינשטעדטעלדיגען קרעמער?"

„דער איינפאַל צושיקען אויף „נאַכנאַהמע" האָט גורם געווען גרויסע שאָדענס די פראָווינציעלע סוחרים".

„קיינע מיטלען — ערקלערט ווייטער לערואַ־בּאָליע — וועלען נישט העלפען צו פּערהאַלטען אָט די דאָזיגע בּעזייטיגונג פון די קליינע און מיטעלע בּעלי־מלאָכות און סוחרים. עס וואָלט געווען אַ שטאַרקער טָעות צו רעכנען, אַז מען קען אָבּשטעלען די

בעוועגונג צו קאָנצענטרירונג. אַלסדינג העלפט צו איהר ענטוויקלונג,
גאָב'ן מסחר מיט מלבושים און מעבעל וועט אויך קומען אַ צייט
אויפ'ן האַנדעל מיט שפּייז־אַרטיקלען".

פאַרצייטען, בײַ די מלחמות צווישען די באַרבאַרישע פעל־
קער, פלעגען די זיעגער פערשקלאַפען די בעזיעגטע. דאָסזעלבע
קומט פאָר אויך היינט. זעהר אַ גרויסע צאָהל אַרויסגעשטופטע
קרעמערס, וואָס זענען געוואָרען בעזיעגט אין דער מלחמה מיט
די גרויסע מאַגאַזינען, ווערען פערשקלאַפט דורך זייערע זיעגער
און זיי מוזען אָבגעבען זייערע זיהן און טעכטער אין דיענסט,
אַלס משרתים און פערקויפערינס, אין די זעלבע מאַגאַזינען, וואָס
האָבען פון זיי אַ תל געמאַכט.

מיט דער זעלבער געשווינדקייט, און גאָר אָהן צווייפעל,
ווערט דאָס קליין־ערד־אייגענטהום איינגעשלונגען דורך דעם גרוי־
סען. אָט אין ענגלאַנד איז שוין די דאָזיגע ערד־קאָנצענטרירונג
פערענדיגט; אין די פעראייניגטע שטאַאַטען (אַמעריקא) האַלט זי
ביים פערענדיגט ווערען, און אפילו אין פראַנקרייך איז זי פיעל בע־
דייטענדער, ווי מען קען רעכנען, לויט דער לעגענדע וועגען די
ערד, וואָס איז אָנגעקומען די פויערען אין דער צייט פון דער
רעוואָלוציע אין פאָריגען יאָהרהונדערט.

פון אָפיציעלע סטאַטיסטישע קוועלען דערוויסען מיר זיך,
אַז אין פראַנקרייך געהערען 44 מיליאָן העקטאַר *) ערד צו מענ־
שען, וואָס בעאַרבייטען זי נישט אַליין. און נאָר געניע 4 מיליאָן
העקטאַר, דאָס הייסט אַ צוועלפטעל, געהערט צו די וואָס בעאַר־
בייטען אַליין. און פון טאָג צו טאָג ווערט אַלץ דער שטח פון די
פויערישע ערד קלענער. העלפען דערצו קען מען גאָר נישט,
ווייל, ערשטענס, אָהן געלד, אָהן קרעדיט, שטענדיג אויסזויגענ־
דיג פון דער ערד און איהר גאָר נישט צוריקגעבען, מוז דער
קליין־ערד־בעזיצער זי ענדליך אויסמאָגערען; און צווייטער, ווייל
דאָס קליינע ערד־אייגענטהום פאַסט זיך נישט צו צו דער יעצטיגע
שאַפטליכער בעאַרבייטונג, צו דעם בענוצען־זיך מיט מאַשינען,
דאַמפּף־אַקער, שניט־מאַשין, דרעש־מאַשין א. ז. וו.

איין גוטע מעלה האָט אין זיך די דאָזיגע קאָנצענטרירונג
פון אינדוסטריע, האַנדעל און ערד־אַרבייט, וואָס זי ברענגט אַריין

---

*) העקטאַר — 11/12 דעסיאַטין, אָדער 2,197 קוואַדראַט־סאַזשען.

אין פאבריק און אין אנדערע גרויסע אנשטאלטען נייע כחות און פרישע ענערגיע. את די הונדערטער טויזענד מענשען, וואס די קאנצענטרירונג האט זיי אריינגעשליידערט אין גיהינם, את די מענשען, וועלכע האבען זיך פריהער גענעבט בעל-הבתי'ש, זעלבסטשטענדיג, נישט זייענדיג אונטערווארפען קיינעם, און איצט, בלייבענדיג אהן א שום אייגענטהום, זענען זיי גענויט אריינצוגעהן אין פאבריק א. ד. ג., — את די דאזיגע מענשען וועלען זיך נישט צופריעדען שטעלען מיט דער פערשקלאפונג, ווי די פריהערדיגע ארבייטער, ביי וועלכע די געוואהנהייט צו הכנעה, געהארכזאמקייט פלעגט זיך איבערגעבען פון פאטער צום זוהן, — זיי, די פרישע מענשען, וועלען זיין די הייוען, וואס וועט אונ- בעדינגט אויפהעבען די ארבייטער-טויג.

איך געה איבער צו אנ'אנדער נויטווענדיגקייט, וואס בע- וועגט נאך מעהר צו לעזען די פראגע אין קאלעקטיוויסטישען זין: צו דער אונמעגליכקייט פאר א געזעלשאפט, וואס איז צוטיילט אויף קלאסען — אייגענטימער אהן ארבייט און ארבייטער אהן איי- גענטהום — צו פערברויכען אלע רייכטימער, וואס זי איבערפרא- דוציערט, און מוז איבערפראדוציערען.

די מאשין-פראדוקציאן, וואס פערגרעסערט די צאהל פער- ברויכס-ארטיקלען, מאכט אין דער זעלבער צייט קלענער די צאהל פערברויכער, אוועקנעהמענדיג יעדע קויף-קראפט אדער יעדע פערברויכס-פעהיגקייט פון אלע מאל א גרעסערען טייל פונ'ם ארבייטער-קלאס, צוליעב די אפטע ארבייט-קריזיסען, וואס ווערען אלע מאל שטארקער און לענגער.

את, אין דער ענגלישער באוועל-פראדוקציאן, וואס האט אויסגעארבייט, איידער עס זענען איינגעפיהרט געווארען מאשינען, אין דעם פערלויף פון 1814 — 1822 נאר106,500 פונט גארן און 80,620 פונט געוועב, האבען זיך בעשעפטיגט 445,000 ארבייטער, וואס מאכט-אויס איין זיבען-און דרייסיגסטעל פון דער בעפעלקערונג (16,500,000 איינוואהנער). אין פערלויף פון 1880—1882, צוליעב די פערפאלקאמונג פון די מעכאנישע ווערק- צייג, ווען עס האבען זיך אויסגעארבייט 1,224,000 פונט גארן און 993,880 פונט געוועב, איז די צאהל ארבייטער, וואס האבען זיך דערמיט בעשעפטיגט, געווען נישט העכער ווי 686,000, וואס מאכט-אויס נאר איין פינפציגסטעל פון דער בעפעלקערונג

(34,000,000 איינוואָהנער), ד. ה. די באַוועל־פּראָדוקציאָן האָט זיך געהעכערט אויף 1231%, די צאָהל מענשען אָבער, וועלכע האָבען געלעבט פֿון דער דאָזיגער פּראָדוקציאָן און האָבען געקענט פֿערברויכען די אויסאַרבייטונג, איז וועניגער געוואָרען אויף 25%.

אין דער פּראָדוקציאָן פֿון שובוואַרג בעשטעהט די זאַך בע־דייטענט ערגער; מיט זעכציג יאָהר צוריק פֿלעגט אַ שוסטער — אַ דערוואַקסענער מאַנספּערזאָן — אויסאַרבייטען אַלע יאָהר 200 פּאָר שיך. אָט איז שוין מעהר ווי 10 יאָהר, וואָס סיי אַ מאַנספּער־זאָן, סיי אַ פֿרויענצימער, זאָגאַר אַ קינד אַרבייטען אויס צו 2,598 פּאָר. אין די פֿעראייניגטע שטאַטען האָט די פּראָדוקציאָן פֿון 70 מיליאָן פּאָר אין יאָהר 1845, דערגרייכט 445 מיליאָן אין יאָהר 1875, און די צאָהל שוסטער, וואָס איז געווען 45,897 ביי אַ בעפֿעלקערונג פֿון גענויע 19 מיליאָן, האָט נישט דערגרייכט העכער ווי 48,090 פֿון ביידע געשלעכטער און אַלע אַלטערס ביי אַ בע־פֿעלקערונג פֿון דריי מאָל אַזוי פֿיעל.

דער רעזולטאַט דערפֿון זענען קריזיסען, וואָס ווערען אָנ־גערופֿען קריזיסען פֿון „בלוט־פֿולקייט“. אָט די דאָזיגע קריזיסען, וועגען וועלכע דער געניאַלער דענקער פֿוריע האָט נאָך אין אָנ־הויב פֿון יענעם יאָהרהונדערט נביאות געזאָגט,— ברעכען אויס אַלע צעהן יאָהר פֿון יאָהר 1825 אָן, איבערלאָזענדיג נאָך זיך נויט און טוידט. אַלץ שטעלט זיך אָב, אַלץ ווערט פּאַראַליזירט. די זאַ־וואָדען פֿערמאַכען זיך, אַרויסוואַרפֿענדיג מיליאָנען אַרבייטער אויף די גאַס, צונעהמענדיג פֿון זיי זייער פֿערדיענסט, ד. ה. זייער שובונג, קליידונג, נעהרונג, טאַקי דערפֿאַר וואָס די מאַגאַזינען זענען אי־בערפֿילט מיט שובונג, קליידונג און נעהרונג.

אָט דער דאָזיגער איבערפֿלוס אין אַלעמען רופֿט אַרויס פֿאַר ווי אַ מאַנגעל אין אַלעמען. און מיט דעם דאָזיגען ווידערשפּרוך פֿערענדיגט זיך דאָס קאַפּיטאַליסטישע אייגענטהום און פּראָדוקציאָן און אין דעם דאָזיגען ווידערשפּרוך מוזען זיי זיך צוקלאַפּען.

די הונגער־צייטען, וואָס קומען פֿאָר יעצט, זענען פּונקט דער היפּוך פֿון די הונגער־צייטען, וואָס פֿלעגען פֿאָרקומען אַמאָל: אַמאָל פֿלעגט אַ הונגער־צייט זיין אַ גאַנץ נאַטירליכע ערשיינונג, זי איז געוועזען אַ רעזולטאַט פֿון דעם מענשענס מאַכטלאָזיגקייט אַרויסצו־בעקומען פֿון אונזער פּלאַנעטע דאָס, וואָס איז נויטיג פֿאַר דעם עברויך פֿון אַלע איהרע מיטגליעדער. היינט אָבער איז אַ

הונגער-צייט, וואס מאכט א תל פון די ארבייטער-מאסען, נאר א קינסטליכע ערשיינונג: זי קומט פאר צוליעב איבערפלוס אין פראדוקטען; די דאזיגע פראדוקטען, וואס די ארבייטער האבען זיי אויסגעארבייט, שטעלען זיך אנטקעגען זייערע שאפער און פער-מוטשען זיי מיט הונגער.

די פראגע: „ווי אזוי זאל מען שאפען גענוג פאר אלע"? וואס האט ביז יעצט נישט געלאזט רוהען די מענשליכע געזעל-שאפטען, האט אבגעטרעטען איהר ארט דער פראגע: „ווי אזוי זאל מען אויסברענגען אזוי פיעל"?

דערפון שטאמט ארום די פאליטיק, וואס מען רופט זי „קאלאניאל-פאליטיק", וועלכע מיר בעגעגנען אין אלע מלוכות, נישט אבהענגיג פון זייער פערוואלטונגס-פארם, אנהויבענדיג פון די גאר מאנארכישע און ענדיגענדיג מיט די גאר רעפובליקאנישע. דערפון קומען ארום יענע בעוואפענטע און מיט סאלדאטען אנגע-געפילטע שיפען, וועלכע מען שיקט אוועק, צוליעב מכלומר'שט ציוויליזאטארישע צוועקען, אין ווייטע ערטער, אין טאנקין אדער אויף זאנזיבאר, אין אינדיען אדער אויף מאדאגאסקאר, כדי מען זאל מיט דער הילף פון ביקסען און האר-מאטען צווינגען די שווארצע אפריקאנער און די געלבע אזיאטען צו פערברויכען די פאר זיי לגמרי אוננוציגע סחורות, וואס פער-פלייצען די מערק, און וועלכע בעשאפען נויט ביי די ארבייטער, וואס האבען זיי אויסגעארבייט מיט די אייגענע הענד.

דאדורך וואס עס פעהלט א אינערליכער מארק, וועלכער ווערט אלע מאל בעגרענצט, צוליעב די ארימקייט פון די ארביי-טער, האט מען זיך געמוזט נעהמען עפנען אויסערליכע מערק, ווייטע, וואס געפינען זיך אויף אלע עקען פון ערד-קוגעל. נאר אויב עס איז אפילו מעגליך ביי דעם דאזיגען פאל א דערהוילינג מי-טעל, וועט די צרה פונדעסטוועגען בלייבען אוננעריהרט און אונפערבעסערט, ווייל איהרע ווארצלען שטאמען ארום פון דער קאפיטאליסטישער ארדנונג גופא:

1) די ווייטקייט צווישען די ארבייטס-פראדוקציאן און דעם פראלעטארישען פערברויך ווערט אלץ גרעסער און גרעסער, וואס מעהר עס ענטוויקעלט זיך די וויסענשאפט און איהרע פראקטישע צופאסונגען, ווייל די פראדוצירער בעקומען ליוהן נאר פאר א טייל פון זייער איבערבייטונג, וואס גם שטייגט נישט אריבער די אוים-

גאבען, וואס זענען נייטיג פאר זייער עקזיסטענץ און ראסע-דערהאלטונג. (אין ענגלאנד ווערט אויסגעגעבען אויף ארבייטס-לוינען 7 מיליארדען, ביי א יעהרליכער פראדוקציאן פון 29 מיל-יארדען).

2) ווי אזוי וואלט מען דען געקענט אויסמיידען די איבער-פראדוקציאן ביי דער אנארכיע, וואס ווערט אנגערופען פרייהייט פון פראדוקציאן, ווען יעדעס לאנד — שוין נישט צו זאגען: יע-דער פאבריקאנט — פראדוצירענדיג פאר'ן וועלט-מארק און זעהענדיג נאר זיך, שטרעבט אליין איהם צו פערזארגען מיט אלע סחורות? שוין נישט רעדענדיג וועגען דעם, וואס ווי נאר עס הויבט ערגעץ אן צו געהן גוט וועלכער עס איז פראדוקציאנס-צווייג, פאלען אויף איהם אן די קאפיטאליסטען ווי די וועלף און פיהרען איהם איין אין א סך ערטער. אזוי אז עס זאמעלט זיך אן זעהר פיעל איבריגע סחורה און דער דאזיגער געשעפטס-צווייג מוז אונטער-געהן.

3) די פריוואט פראדוקציאן קען נישט ווערען נישט פער-האלטען, נישט אבגעריסען אויך דאן, ווען דער מארק איז שוין אנגעזעטיגט. די אלע מאל גרעסערע און גרעסערע קאפיטאלען וואס פאדערען אהן אויפהער די פערברייטונג פון די פראדוק-ציאנס-ווערקצייג, ווירקען ווי א בייטש אויפ'ן היינטיגען פאבריקאנט און לאזען זיך איהם נישט אבשטעלען אפילו אויף איין מינוט, ביז ער לעגט זיך נישט אוועק און קען מעהר נישט אויפשטעהן.

די זעהר גרויסע פראדוקציאנס-קריזיסען, וואס טרייסלען אויף פון צייט צו צייט די היינטיגע וועלט. און וועלכע זענען ווי א בעשולדיגונגס-אקט געגען איהר, ווערען פערשוואונדען ווערען נאר צוזאמען מיט דער קאפיטאליסטישער פארם פון אייגענטום או פראדוקציאן, מיט וועלכער זיי זענען ענג פערבונדען.

נאר דאן, ווען די געזעלשאפט וועט בעהערשען די פראדוק-ציאנס-קרעפטען און זי וועט זיי ברענגען אין ווירקונג, — וועט מעגליך זיין צו רעגולירען די פראדוקציאן און זי צו ברענגען אין גלייכגעוויכט מיט די בעדערפניסען פון אלעמען. נאר די דאזיגע פערגעזעלשאפטליכונג (וואס איז דער תוך פון קאלעקטיוויזם) פערניכטענדיג די גרענעצען, וואס זענען דורך די ארבייטס-פער-טיילונג ארויפגעלעגט געווארען אויף די פערברויכס-פעהיגקייט פון פאלק, פון ארבייטער, פון פויער, — וועט געבען פערברויכער

פֿאַר די וועהר פֿיעל פּראָדוקטען, וואָס קענען יעצט נישט ווערען אױסגעבראַכט; דערבײַ יעצט יעדער עודף פֿון דער פּראָדוקציאָן איבער דעם געברויך, אָדער פֿון דעם אָנבאָט איבער דער פֿאָדערונג, וועט נישט מעהר ברענגען קײן מײַדבה אױס הונגער און נויט פֿאַר מיליאָנען אַרבײַטער, ווי יעצט; נאָר ער, דער עודף, וועט שאַפֿען פֿאַר דער מענשהײַט פֿרײַע צײַט, אַ. ז. וו.

דאָס וועט זײַן דער סוף פֿון די קלאַסען, ד. ה. פֿון דער מענשהײַט, וואָס איז צוטײַלט געגען זיך אַלײן און וואָס לעגט אַוועק אַלע איהרע כּחות אין אינטערנאַציאָנאַלען קאַמפּף פֿאַר'ן לעבען; דער דאָזיגער קאַמפּף וועט מעהר קײן גרונד נישט האָבען, אַ דאַנק דער אָנזאַמלונג פֿון די לעבענס-מיטלען, ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם אײן-אײנציגען קאַמפּף צווישען דעם מענשען און דעם נישט-מענשען, ד. ה. דער נאַטור, וואָס איז באַזיגט פֿון דער וויסענשאַפֿט.

די צוטײַלונג פֿון דער מענשהײַט אויף קלאַסען איז געווען אַ אונפֿערמײַדליכע נויטווענדיגקײַט, וואָרום אַ באַדינגונג פֿאַר דער מענשליכער עוואָלוציע אָדער פּראָגרעס אין דער פֿערגאַנגענהײַט. אום צו שאַפֿען פֿאַר אײן טײל מענשען פֿרײַע צײַט, וואָס זאָל מעגליך מאַכען די ענטשטאַנדונג פֿון קונסט און וויסענשאַפֿט, איז נויטיג געווען, אַז דער צווייטער פֿיעל גרעסערער טײל זאָל זײַן באַשווערט מיט אַרבײַט, וועלכע איז, צוליעב דער מענשליכער אונוויסענהײַט, געווען ווענײג פּראָדוקטיוו. און אויף אַזאַ אופֿן, אַ דאַנק דער פֿערשקלאַפֿונג, וואָס איז נאָכהער איבערגעגאַנגען אין לײַבאײגענשאַפֿט און אַרבײַטס-פֿערדינגונג פֿון אײן טײל מענשען, — האָט דער אַנדערער טײל געהאַט די מעגליכקײַט צו מאַכען פֿון דעם, וואָס איז נאָך נישט לאַנג געווען אַ חיה, אַ קינפֿטיגען גאָט. די דאָזיגע צוטײַלונג אָבער, נאָכדעם ווי זי האָט געגעבען עלעמענטען פֿאַר דעם אַלגעמײַנעם וואָהלשטאַנד, איז נאָכהער געוואָרען אַ שטערונג פֿאַר'ן באַנוצען זיך מיט דעם דאָזיגען וואָהלשטאַנד, סײ פֿאַר די, אַזוי אויך פֿאַר די אַנדערע. אונטערהאַלטען די דאָזיגע צוטײַלונג איז גלײַך ווי אַ זעלבסטמאָרד.

אויב מיר וועלטען אין דעם גרויסען מדבר פֿון דער היסטאָריע געזוכט עפּעס אַ מין אָאַזאַ *), אויף וועלכער אונזער גײַסט

*) אָאַזאַ — אַ גרינער אינזעל אין אַ מדבר.

זאָל זיך קענען אָברוהען פֿון די גרויזאַמקייטען פֿון מיטעלאַלטער
און באַרבאַרישער עפּאָכע, וואָלטען מיר זיך אַוודאי געווענדעט צו
גריכענלאַנד.

קיינמאָל האָט נאָך די בלום פֿון דער מענשהייט זיך אַזוי
נישט פֿונאַנדער געבליהט ווי אונטער דער זון פֿון אַטטיקאַ
נאָר פֿאַר וואָס און ווי אַזוי? דערפֿאַר, וואָס הינטער די גרויסע
געלעהרטע און קינסטלער, ווי אַריסטאָטעל פֿידיעס
ביל, איז געווען אַ גרויסער קלאַס מענשען, וואָס זענען אויסגע־
מעקט פֿון דער מענשהייט. און אַ דאַנק די שקלאַפֿען, די דאָזיגע
מאַשינען פֿון פֿלייש און ביינער, וואָס האָבען געאַרבייט און פּראָ־
דוצירט פֿאַר'ן גריכישען פֿאָלק, האָט דאָס דאָזיגע פֿאָלק געקענט
דערקענען פֿרייהייט און אויסווייגען פֿון לעבען דאָס שענסטע און
דאָס בעסטע.

איצט מיר האָבען די דאָזיגע שקלאַפֿען־פֿרייהייטס־שאַפֿער
ווי שטעהען גרייט אונז צו דינען און נאָך אין אַ גרעסערער צאָהל,
זיי זענען פֿון אייזען און שטאָהל.

דאָס זענען — מאַשינען, פֿערד־קרעפֿטען. אין פֿראַנקרייך
אַרבייטען זיי אָב פֿאַר 45 מיליאָן שקלאַפֿען, אין ענגלאַנד — פֿאַר
אַ ערך 80 מיליאָן; זיי קענען אַרבייטען טאָג און נאַכט, אָהן אָב־
רוה, נישט מיעד צו ווערען, און מיר זענען אימשטאַנד צו פֿער־
גרעסערען זייער צאָהל גאָר אָהן אַ שיעור.

אָט איז ער, משיח! אָט איז ער, דער אויסלעזער! דאָס
זענען יענע אַרבייטער, וואָס דער מענש האָט זיי בעשאַפֿען,
וועלכע גיעבען די מעגליכקייט און הייסען אונזער מענשהייט ווערען
איין גרויסע פֿאַמיליע, מאַכען אַ ענדע מיט דער לעצטער פֿאָרם
פֿון שקלאַפֿעריי — מיט אַרבייטס־פֿערדינגונג. צו דעם צוועק דאַרף
מען נאָר, אַז זיי, די נייע נישט־מענשליכע אַרבייטער, זאָלען
אויפֿהערען צו זיין דאָס פּריוואַט־אייגענטהום פֿון איינציגע, נאָר זיי
זאָלען ווערען דאָס געזעלשאַפֿטליכע אייגענטהום פֿון אַלע, אַזוי אַז
זיי זאָלען פּראָדוצירען מיט דער בעטייליגונג פֿון אַלע און
פֿאַר אַלע.

* * *

אום צו פֿערענדיגען דאָס, וואָס איך האָב ביז יעצט אַריבער־
געריעדט, מוז איך אייך יעצט אָנווייזען אויף די מיטלען צו
דערגרייכען קאָלעקטיוויזם: ווי אַזוי קען די דאָזיגע אונבעדינגטע

איבּערקעהרעניש —איך וועל נישט זאָגען „פּאָרקומען”, ווייל זי
קומט פאָר יעדען טאָג, — נאָר ווי אַזוי קען זי פּערענדיגט ווערען?
איך האָב אייך אָנגעוויזען אויף פּערשידענע ערשיינונגען, וועלכע
אַרבּייטען אויס זאָגאַר בּיי דער אַלטער געזעלשאַפּט אַ נייע קאָלעקטי-
וויסטישע אָרדנונג. איך דאַרף אייך נאָר ערקלערען, ווי די דאָזיגע
נייע אָרדנונג, בּעפּרייענדיג זיך פון איהר מוטערלייב, וועט אַרויס
אויף דער וועלט; בּיי וועמענס מענשליכער בּעטייליגונג וועט פּאָר-
קומען די דאָזיגע בּעפרייאונג, מיט איין וואָרט, — ווער וועט זיין
דער אַקושער?

אַזוי ווי דאָ האַנדעלט זיך וועגען גליק, וואָס זאָל מעגליך זיין
פאַר אַלע, האָט מען דאָך אין פּלוג געקענט קלערען, אַז אין אַזאַ
זאַך קען מען רעכנען אויף די מיטווירקונג פון אַלע, אָהן אונ-
טערשיד צווישען אַזוינע, וואָס לעבּען אין פּערגניגען און אַזוינע
וואָס ליידען, ווייל אַלע —חאָטש אין פּערשידענע מדרגות—
זענען פּעראינטערעסירט אין דער אַלגעמיינער ישועה. דאָס זענען
טאַקע די באיות פון שׂכל, וועלכע די מעטאַפיזיקער פון יאָהר 1789
האָבּען געמאַכט פאַר אַ גאָטהייט; דער שׂכל אָבּער פיהרט אויך
אַזוי וועניג די מענשען, ווי די גערעכטיגקייט. די היסטאָריע, צו
וועלכער מיר דאַרפען זיך אַלע מאָל ווענדען ווי צו אַ גרויסער
שוהלע, לערענט אונז, אַז די פּריווילעגירטע קלאַסען קענען זיך
נישט אָבּזאָגען פון זייערע בּעקוועמליכקייטען און זיי געפינען זיך
שטענדיג אונטער דער מאַכט פון זייערע דערווייליגע מכלומר'שט-
דיגע אינטערעסען, פאַר וועלכע זיי זענען מקריב די ווירקליכערע
און דויערהאַפטערע אינטערעסען פון די אַנדערע.

דער אַרעל-שטאַנד, צו וועלכען עס האָט געהערט אין פּראַנק-
רייך בּיים ענדע 18-טען יאָהרהונדערט $^{2}/_{3}$ ערד, האָט געהאַט
פּערדיענסט פון דער רעוואָלוציע (איך רעד פון בּעזונדערע פּער-
זענליכקייטען, וואָס פון זיי איז בּעשטאַנען דער דאָזיגער שטאַנד);
דורכדעם וואָס די רעוואָלוציע האָט בּעפרייט די ערד פון אַלע אָב-
צאָהלונגען, איז די ערד געשטיגען אין פּרייז. „איך דאַנק די
פּערזאַמלונג, —האָט געזאָגט איינער פון די זעהר גרויסע ערד-בּע-
זיצער, אַ ווערסאַל'ער דעפּוטאַט — וואָס זי האָט מיר מיט איהר
איין בּעשטימונג פון 4-טען אויגוסט געגעבּען 20 טויזענד ליוור'ס*)

*) אַ ליוור — 25 קאָפּ.

אײַנקינפֿט". דאָס האָט פֿונדעסטװעגען, נישט געשטערט דעם אַדעל אַלס שטאַנד אָדער אַלס קלאַס צו געהן געגען דער נײַער געזעלשאַפֿט, װאָס פֿון איהרע אײַנריכטונגען האָבען זײ די ערשטע אַרױסגעצױגען נוצען.

דאָס זעלבע דאַרף פֿאָרקומען מיט דעם יעצטיגען קאַפּיטאַליסטישען קלאַס. האָטש ער װעט זיך בענוצען מיט דער קאָלעקטיװיסטישער אָדער קאָמוניסטישער צוקונפֿט אין אַ גלײַכער מאָס מיט דעם פּראָלעטאַרישען קלאַס. פֿונדעסטװעגען בעשיצט ער און װעט בעשיצען מיט עקשנות די עקזיסטירענדע אָרדנונג, בײַ װעלכער קײנער קען נישט זײַן זיכער, אז ער איז נישט אין סכּנה *) װײַל ער פֿערשטעהט נישט דאָס לעבען אױסער יענער פֿאָרם, אין װעלכער ער איז געװאָהנט זיך צו בענוצען מיט'ן לעבען. די ערפֿאַהרונג פֿערבאָט אונז זיך צו פֿערלאָזען און זיך צו שטיצען אויף איהם, האָטש אין געװיסע צופֿאַלען האָבען מיר פֿון זײַנע ספֿערען גענומען מיטאַרבײַטער און מיר װעלען זײ נעהמען אַלץ מעהר און מעהר. די ערפֿאַהרונג, פֿערקעהרט, הײסט אונז מיר זאָלען אַלײן ערװאַרטען פֿון פּראָלעטאַריאַט, ד. ה. פֿון דעם קלאַס, װאָס בײַ דער יעצטיגער עקאָנאָמישער אָרדנונג לעבט זיך איהם אַזױ שלעכט אַז ער איז גענױט צו שטרעבען מיט אַלע קרעפֿטען זיך צו בעפֿרײַען פֿון דער האָזיגער אָרדנונג, און פֿאַר אײן זאַך װעט ער אױך אונז בעפֿרײַען.

זײַנע בעזונדערע אינטערעסען אַלס קלאַס, װאָס שטרעבט

---

*) די יעצטיגע פּריװילעגירטע קלאַסען האַלטען זיך יעצט פֿאַר פֿרײַע; דאָס איז אָבער נישט אמת, זײ זענען נישט זאָגאַר בײַ זיך אַלײן אין רשות. שטענדיג זענען זײ אין שרעק, טאָמער װערען זײ קראַנק אױף טיפֿוס, האָלערא אָדער אַנדערע עפּידעמישע קראַנקהײטען, װאָס די אָרימקײט פֿון די אַרבײטער-קלאַסען רופֿט אַרױס און פֿערשפּרײט. נישט מעהר זיכער איז אױך זײער פּאָליטישע פֿרײַהײט; מען מוז שטענדיג אױסהאַלטען און פֿערשטאַרקען געגען די אױסברוכען פֿון די פֿאָלקס-מאַסען בלינדע פּאַסיװע כּחות, װי מיליטער, שיפֿען, פּאָליציי, װעלכע דאַרפֿען שטענדיג זײַן גרײט אײַנצושטילען יעדער אױפֿשטאַנד. אױך זײער פֿערמעגען, אין װעלכען זײ האַפֿען זיך אָן, װי אַזאַ װאָס טרינקט זיך אָן די צוברעכענע שטיקער פֿון אַ שיף, — גליטשט זיך װי אַלע מאָל אַרױס דורך פֿערשידענע באַנקראָטען, קראַכען, „גרינג-פֿיסיגע" קאַסירען וגד"ג.

צו בעפרייען די ארבייט, מישען זיך אויס מיט די אלגעמיינע אינ־טערעסען פון דער מענשהייט און, אליין נישט וויסענדיג דערפון, ווערט ער דער ערשטער קעמפפער פאר דער גאנצער מענשהייט, ווייל איפהערען צו זיין א קלאס, וואס האט נישט קיין אייגענטהום, קען ער נאר דורכדעם, וואס דאס קאפיטאליסטישע אייגענטהום פון איינינע ווערט פערוואנדעלט ווערען אין סאציאלע אייגענטהום פון אלע.

אט אזא ראלע האבען, איבריגענס, שטענדיג געשפיעלט די עקספלואטירטע קלאסען: אין בעשטימטע מאמענטען, ווען די עלעמענטען פון דעם נייען סאציאלען שטאפעל אדער פון דער העכערער ציוויליזאציע זענען רייף געווארען, — פלעגען זיי צער־שטערען די עקזיסטירענדע ארדנונג, וואס פלעגט זיי דריקען און, ארבייטענדיג פאר זיך, האבען זיי גלייכצייטיג געארבייט פאר דער מענשהייט, פאר וועלכער דער וועג איז מיט אזא אופן אבגערוימט געווארען.

אזוי איז אויך געוועזען אין פאריגען יאהר־הונדערט, אין דער צייט, ווען עס האבען נאך עקזיסטירט די רעשטען פון דער פעא־דאלער וועלט, פאר דער געבורט פון דעם מאדערנעם אינ־דוסטריאליזם, וועלכער איז נאך דאן געוועזען גאר אין אנהויב פון זיין ענטוויקלונג: דער דריטער שטאנד, וועלכער האט געקעמפפט און מנצח געוועזען פאר זיך, — האט פאקטיש געקעמפפט און מנצח געוועזען פאר דער מענשהייט, וואס איהרע בעדערפענישען האט ער דאן פערקערפערט.

יעצט האנדעלט זיך נישט וועגען אראבנעהמען קייטען פון די פראדוקציאנס־קרעפטען, נאר וועגען דעם, מען זאל די קאפיטא־ליסטישע קאנצענטרירונג פערענדיגען מיט א געזעלשאפטליכער קאנצענטרירונג; יעצט דארף דער פיערטער שטאנד אדער דער פראלעטאריאט אין זיין קאמפף מיט'ן קאפיטאל און מיט דער עקספלואטאציע פאר איין וועג קעמפפען אויך פאר דער מענשהייט, וועלכע ער איז בעשטימט צו בעפרייען, בעפרייענדיג זיך דורך דער פערגעזעלשאפטליכונג פון די פראדוקציאנס־מיטלען.

דער פראלעטאריאט, ארגאניזירט אין א קלאסען־אדער ארבייטער־פארטיי. אלס א געגענזאץ די אוננוציגע און שעדליכע בעקומער פון רענטע, דיווידענד א. ד. ג., ענטהאלט אין זיך נישט נאר די ארבייטער פון האנד־ארבייט, נאר אויך אלע אקטי־

ווע עלעמענטען, פון די גאָר פיזישע ביז די גאָר גייסטיגע. און, אַריינגעהמענדיג, מיט אַזאַ אופן, אַלע אינדוסטריעלע, אַקערבויערישע און וויסענשאַפטליכע פּראָדוצירער, דאַרף ער, דער פּראָלעטאַריאַט, אום אַריינצופיהרען די געזעלשאַפט אין בעזיץ פון אַלץ, — אַוועקנעהמען פון די יחידים דאָס האָב און גוטס, וועלכע זיי האָבען צוגענומען ביי דער מענשהייט ד. ה. עקספּראָפּריאירען די עקספּראָפּריאירער.

דאָס איז זיין היסטאָרישע אויפגאַבע! נאָר איידער ער וועט דאָס אויספיהרען, איידער ער וועט דאָס פּריוואַט-אייגענטהום מאַכען צו איי-גענטהום פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, מוז ער, אַלס אַ הקדמה דערצו, בעהערשען מיט דער פּאָליטישער מאַכט, אַריינגעהמען צו זיך אין די הענד די ממשלה און בעקומען אַ איינפלוס אויף די געזעצגעבונג.

די אונבעדייטענדע קאַפּיטאַליסטישע מינדערהייט האַלט פערשקלאַפט די בעדייטענדע מעהרהייט פון אַרבייטער, צוליעב דעם, וואָס די קאַפּיטאַליסטען האָבען זיך מאָנאָפּאָליזירט די מלוכה, וועלכע ווערט אין זייערע הענד אַלץ אַ מעהר און מעהר פערפאָלקאָמטע ווערקצייג פאַר בעדריקונג. כל זמן עס וועט נישט אַוועקגענומען ווערען ביי די יעצטיגע בעזיצערס די רעגירונג, וואָס דריקט שטענדיג אַראָב די וואָג-שאָל אין דער זייט פון קאַ-פּיטאַל ביי יעדער צוזאַמענשטויסונג צווישען די בעלי-הבתים און זייערע דינער, צווישען די פערדונגענע און די דינגערס — ביז יענער צייט וועט גאָר נישט געטהון ווערען, און עס וועט נישט מעגליך זיין עפּעס צו טהון; ביי אונז וועט נישט זיין קיין איבערקעהרעניש.

דער קאָלעקטיוויזם, וואָס וועגען זיין שטאַם און ציעל האָב איך אַזוי אויספיהרליך גערעדט, איז געגרינדעט אויף דער פּאָליטי-שער אָדער רעגיערענדער איבערמאַכט פון די אַרבייטענדע; די לעצטע קענען בעקומען די מאַכט רוהיג אָדער דורך איינע פון יענע בעוואָפענטע אויפשטאַנדען, וועלכע זענען געוועזען אין פראַנ-קרייך פאַר אַלע פּאַרטייען, — רעפּובליקאַנישע, מאָנאַרכיסטישע, אָרלעאַנישע אָדער באָנאַפּאַרטישע — אַ בעדינגונג פון ערפאָלג.



## פֿערלאַג „די פּראָלעטאַרישע וועלט“.

### עס זענען אַרויס פֿון דרוק:

1) פֿ. ענגעלס. דער וויסענשאַפֿטליכער סאָציאַליזם. פּרייז 15 קאָפּ'.
2) ד"ר ג. גראָסס. די עקאָנאָמישע שטה פֿון ק. מאַרקס. „ 8 „
3) א. קאַמענסקי. ראָבערט אָווען, זיין לעבען און געזעל-
שאַפֿטליכע טהעטיגקייט. „ 15 „
4) * * * דער אַרבייטס-טאָג און זיין בעדייטונג. „ 15 „
5) גערהאַרד האַופּטמאַן. די וועבער (איבערזעצט פֿון יעקב
מילך). „ 15 „
6) ב. באַקס. די געשיכטע פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער
רעוואָלוציע. „ 20 „
7) זש. געד. קאָלעקטיוויזם. „ 5 „

### עס דרוקען זיך:

1) ק. מאַרקס און פֿ. ענגעלס. דער מאַניפֿעסט פֿון דער קאָמוניסטישער
פּאַרטיי (מיט דער הקדמה פֿון ג. פּלעכאַנאָוו).
2) א. בעבעל. די סאָציאַליזירונג פֿון דער געזעלשאַפֿט.
3) פֿ. ענגעלס. די ענטשטעהונג פֿון דער פֿאַמיליע און אייגענטהום.
4) ק. קאוטסקי. לויהן-אַרבייטער.
5) ב. באַקס. די געשיכטע פֿון דער פּאַריזער קאָמונע.
6) א. ריקליס. חסידיזם.
7) וו. וואָראָוואָזאָוו. מאַלטוס, זיין לעבען און זיין שטה.

**צו בעקומען אין אַלע וואַרשאַווער בוכהאַנדלונגען.**

ISBN:0-657-12298-X